י. רובין.

# מ. ראטנער

## זיין לעבן און טעטיקייט.



פאַרלאַג „פּראָגרעס-פאַראייניקטע", ווילנע

תרפא—1921



# מארק ראטנער

(געבאָרן 1871—געשטאָרבן 1919).

מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער איז געבאָרן געוואָרן דעם 5-טן אַפּריל 1871 אין קיעוו. צו 7—6 יאָר ווערט ער, ווי דער מנהג איז דאַן געוועןֹ, אָפּגעגעבן אין אַ חדר. ער קען זיך אָבער ניט אײַנלעבן אין די ענגע ד׳ אמות פון דריקנדיקן חדר-רעזשים. זײַן ענערגיש און עמפּפינדלעך נאַטור רײַסט אים שוין פון די ערשטע קינדער-יאָרן צו אַ ד וישיקער און לוסטיקער סביבה און ער טרעט אײַנגיכן אַרויס פון חדר און קומט אָן אויפן 9-טן יאָר פון זײַן לעבן אין דער דריטער קאַזיאָנער קיעווער גימנאַזיע.

בײַ זײַן ערשטער דערציאונג איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן זײַן פאָטער און מוטער.

זײַן מוטער, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ רעליגיעזער פאַמיליע, האָט געטרוימט וועגן דעם, איר מרדכי זאָל ווערן אַ ייד אַ למדן און זאָל גײן אין די אויסגעטראָטענע וועגן פון אירע פרומע עלטערן. דער פאָטער, פאַרקערט, איז געווען אַ היינטוועלטיקער. ער האָט, אַלס פּריוואַטער אַדוואָקאַט, פאַרנומען אַחשובן פּלאַץ צווישן די דאַמאָלסדיקע משׂכּילישע קרײַזן און האָט דורכאויס געוואָלט פון זײַן מאַקסן מאַכן אַ מענטש, וואָס זאָל זײַן צוגעפּאַסט צו די נײַע לעבנס-פאָדערונגען.

און אין דער זעלביקער צײַט, ווען ראַטנערס מוטער האָט

געשטרעבט צו דעם, איר מרדכי זאָל טויגן צו גאָט, האָט זיין פאָטער דער עיקר געוואָלט, ער זאָל טויגן צו לייטן.

און די אויבערהאַנט האָט גענומען דער פאָטער.

דער יונגער מאַקס האָט שוין פון זיין גימנאַזיע-באַנק אָן זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער יידישער סביבה, האָט זיינע קינדער-יאָרן פאַרבראַכט אין אַ כמעט אויסשליסלעכע סביבה פון קריסטלעכע חברים. ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ קרייז אינטערעסן און שטרעבונגען, וואָס האָט מיט אייגנטלעכער יידישקייט קיין שייכות ניט געהאַט.

דער יונגער ראַטנער ווערט אויף אַזאַ אופן אַלץ מער אָפּגעריסן פון זיין מוטער, שטייגט אפילו אַריבער דעם משכּיליש-וועלטלעכן פאַרנעם פון זיין פאָטער און פאַלט אינגאַנצן אַריין אין די אָרימס פון פולשטענדיקער רוסיפיקאַציע און אַסימילאַציע.

אין גימנאַזיע פילט ער זיך, פאַרשטייט זיך, אַ סך בעסער, ווי אינחדר. ער צייכנט זיך אָבער באַלד אויס מיט אַ באַזונדער שלעכטער „פּאָוועדעניע". זיין פון קינדווייז אָן רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט זיך בשום אופן ניט געקענט איינלעבן מיט יענער עכט-קאַזאַרמע-דיקער שטרענקייט, וועלכע האָט באַקרוינט די צאַרישע, מישטיינס געזאָגט, בילדונגס-אַנשטאַלטן. ער ווערט גלייך אַ פורץ-גדר, ס'קו-מען צווישן אים מיט זיינע לערערס פון גימנאַזיע פאָר אָפטע צו-זאַמענשטויסן. און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער איז אויס-געשלאָסן געוואָרן פון 5-טן קלאַס גימנאַזיע מיט אַן אַזוי גערופע-נעם „וואָלפישן בילעט", וואָס האָט פאַר אים אויף שטענדיק פאַר-שלאָסן די טירן פון דער רוסישער מיטל-שול.

דער יונגער ראַטנער, וואָס איז צו יענער צייט שוין געוועז אַ יתום פון זיין פאָטער, האָט געמוזט זיך לאָזן זוכן אַ תכלית. און ער איז געוואָרן אַ פאַרמאַצעווט און האָט אַ באַשטימטע צייט פאַרבראַכט אין אָדעס. שפּעטער, ערשט אין יאָר 1892, געלינגט

אים, אַלס עקסטערן, צו באַקומען אַן אַטעסטאַט פון גימנאַזיע און צו 22 יאָר קומט ער אָן אין קיעווער אוניווערסיטעט.

---

די סטודענטישע יאָרן פון מ. ב. ראַטנער זיינען אַ העכסט אינטערעסאַנט קאַפּיטל ניט נאָר פון זיין אייגענעם לעבן, נאָר אויך אין דעם לעבן פון דער דאַמאָלסדיקער יידישער און ניט יידישער שטודירנדיקער יוגנט אין קיעוו.

אַלס סטודענט, הייבט ראַטנער אָן זיין פּילזייטיקע סאָציאַ-ליסטישע טעטיקייט און ווערט פון די ערשטע טעג אָן דער אָנ-פירער און פּאָפּולערסטער טאָן-געבער צווישן דער ראַדיקאַלער קיעווער סטודענטשאַפט.

זיין ממש אומבאַגרענצטע ערודיציע אין עקאָנאָמישע וויסנ-שאַפטן פון איין זייט און זיין איניציאַטיוו-רייכע אומבאַמידיקטע שעפערישע נאַטור פון צווייטן זייט ציט צו אים צו די אויפמערק-זאַמקייט ניט נאָר פון זיינע חברים-סטודענטן, נאָר אויך פון זיינע פּראָפעסאָרן.

דער אומרואיקער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון יונגן ראַטנער האָט געפונען פאַר זיך אַ ברייטע פעלד פון ברויזנדיקער טעטיקייט: ער שאַפט קרייזלעך, טרעט אַרויס מיט פאָרלעזונגען און אויפ-קלערונגען, קאָנצענטרירט אַרום זיך די בעסטע עלעמענטן פון דער יוגנט, וואָס בענקט נאָך דרייסטע רעוואָלוציאָנערע מעשים.

דעם הויפט פלאַץ פון דער רוסישער ליטעראַטור אין די דאַמאָלסדיקע 90 יאָרן ווי אויך צווישן די רייען פון דער רוסישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ פאַרנעמט דער מאַרקסיזם, אָדער דער אַזויגערופענער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם.

די סיבות פון דעם זיינען פון איין זייט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט דאַן אין רוסלאַנד געלייגט זיין

גרונדשטיין פאַר דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, פון צווייטן זייט — די דערנעענטערונג פון די פירער פון רוסישן סאָציאַליזם צו די פּרינציפּן פון דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דעם אויפוואַכנדיקן מאַרקסיזם איז אין רוסלאַנד אָבער אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אויף דער אײַנגעוואָרצלטן און אײַנגעבירגערטן אידעאַליסטישן פּאָלקיזם („נאַראָדניטשעסטווע”), וואָס איז אַ פּועל-יוצא פון אַ ריין ספּעציפיש-רוסישע סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע סיבות.

די רוסישע „נאַראָדניטשעסטווע” איז געווען אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג. זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון וויסנשאַפטלעכן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם הן בנוגע איר קוק אויף די פּאָלקס-שיכטן, דורך וועלכע דער סאָציאַליזם דאַרף פאַרווירקלעכט ווערן און הן בנוגע די מעטאָדן, וועלכע קענען מיטהעלפן דערדאָזיקער פאַרווירקלעכונג.

דער מאַרקסיזם רעכנט פאַר׳ן איינציקן אַוואַנגאַרד פון סאָציאַליזם נאָר דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט און רעכנט צו די מאַסן ערד-אַרבעטער, אַלס קליינע אייגנטימער, צו דער קאַטעגאָריע, וואָס קען זיך אין געוויסע פאַלן נאָכשלעפּן נאָך דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר קען אין איר ניט זיין אוממיטלבאַר פאַראינטערעסירט. די „נאַראָדניטשעסטווע”, פאַרקערט, גיט צו דער גרויסער פּויערים-באַפעלקערונג די גרעסטע באַטייטונג אין זין פון פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, ווייל גראָד ביי זיי, ביי די פּויערים, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זיינען קליינע אייגנטימער, איז דאָ דער פאַרטיקער באָדן פאַר אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט און סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

די „נאַראָדניקעס” פאַרנעמען זיך דעריבער דער עיקר מיט אַגיטירן די גרויסע רוסישע פּויערים-מאַסן און מיטן צוגרייטן זיי

צום סאָציאַליזם. זיי פאַרנעמען זיך, ווי ביי זיי הייסט עס, מיטן „גיין אין פאָלק".

דער מאַרקסיזם באַזירט דער עיקר די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אויסשליסלעך אויף וויסנשאַפטלעך־פעסטגעשטעלטע אייזערנע געזעצן פון היסטאָרישער נויטווענדיקייט. דער פערזענלעכער ווילן פון די מענטשן קען דערביי קיין ראָל ניט שפילן. די „נאַראָדניטשעסטווע" איז, אין קעגנזאַץ דעם שטרענגען מאַטעריאַליזם, אַן אידעאַליסטישע באַוועגונג, וואָס בויט די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אויך אויפן סוביעקטיוון ווילן פון די מענטשן.

און מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס די „נאַראָדניקעס" באַנוצן זיך אין זייער קאַמף מיט טעראָר. דורכדעם, וואָס זיי וועלן באַזייטיקן די פאָלקס־פיינט, זיינען זיי זיכער, אַז זיי וועלן זיך דערנענטערן צו דער פאַרווירקלעכונג און דורכפירונג פון סאָציאַליזם.

דער קאַמף צווישן דעם וויסנשאַפטלעכן מאַרקסיזם מיט דעם ראָמאַנטישן רוסישן פאָלקיזם האָט זיך אין יענע יאָרן צעפלאַקערט מיט זיין גרעסטן און שטאַרקסטן ברען.

דער יונגער ראַטנער שטעלט זיך אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערע רוסישע „נאַראָדניקעס", ס'איז אָבער דערביי נויטיק צו באַמערקן, אַז ראַטנערס „נאַראָדניטשעסטווע" איז פון אָנהייב אָן ניט קיין פשוטע קאָפּיע פון די הערשנדיקע שטימונגען. ראַטנער האָט פאַרמאָגט אַ צו שאַרפן אַנאַליז און ערנסטקייט, ער זאָל זיך קענען באַפרידיקן מיטן איבערחזרן פון אָנגענומענע און קלאָר פעסטגעשטעלטע אמתן. ראַטנער האָט געשאַפן אַ אייגנאַרטיקע, ריין־ראַטנערישע שיטה אין דעם רוסישן פאָלקיזם.

מיכיילאָווסקי, דער גרויסער רוסישער דענקער און דער רבי און טעאָרעטיקער פון דער דאַמאָלסדיקער „נאַראָדניטשעסטווע" האָט אין יונגן ראַטנערן געזעען זיין באַגאַבסטן תלמיד.

ס'איז איבעריק צו באַמערקן, אַז ראַטנער איז געקומען צו דעם פּאָלקיזם ניט בלינד, נאָר נאָך אַ גרויסע און דויערנדיקע טיפע שטודירונג־אַרבעט.

ער האָט זיין גאַנצן לעבן געלערנט דעם מאַרקסיזם און אין זיין טיפן און גרינטלעכן פאַרשטיין פון מאַרקסיזם האָט ער זיך גערעכנט צווישן די ערשטע.

ס'איז גענוג צו דערמאָנען די ווערטער פון באַוואוסטן רו־סישן פובליציסט און מאַרקס־קענער, ווי וואָדאָוואָזאָוו, אַז „אין דער טיפקייט פון זיין קענטעניש פון מאַרקסיזם און בכלל פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור האָט דער יונגער ראַטנער צוי־בערגעשטייגט אַלעמען".

ראַטנער האָט געשאַפן אַ מין סינטעז, אַ בריקל צווישן מאַרקסיזם און דער אָנגענומענער „נאַראָדניטשעסטווע"; ער האָט, ווי ס'דריקט זיך אויס איינער פון זיינע פריינט, „אַריבערגעגאָסן דעם וויסנשאַפטלעכן מאַרקסיזם אין רוסישן פורים".

ראַטנערס אָפטע אַרויסטרעטונגען אין זיינע פּראָקלאַמאַציעס, ווי בכלל זיין גאַנצע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט האָבן פיל מיט־געהאָלפן דעם אויסברוך פון מאַסן־שטרייקן אין קיעוו.

דאָס האָט געבראַכט צו רעפּרעסיעס מצד דער צאַרישער פּאָליציי, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון דעם הייליקן דרייבונד „פּאַטערלאַנד, צאַר און פּראַוואָסלאַוויע".

דער ערשטער ליידט פון די רעפּרעסיעס ראַטנער. פונקט ווי אַמאָל פון גימנאַזיע, ווערט ער איצט אויסגעשלאָסן פון אוני־

ווערסיטעט. מיט דעם דערווייטערן אים פון אוניווערסיטעט האָפּט די צאַרישע פּאָליציי צו מאַכן אים פאַר אומשעדלעך. נאָר דאָס האָט זיך זיי שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ צו קנאַפּע שטראָף, און ראַטנער ווערט אַרויסגעשיקט אויפן אַדמיניסטראַטיוון אופן אויף 2 יאָר פון קיעוו.

אין זיין נייעם געצוואונגענעם זיץ־אָרט (וואַסילקאָוו, קיעווער גוב.) נוצט אויס ראַטנער די צייט פאַר אַ ווייטערדיקער פאַרענטפערונג און פאַרפולקומונג אין די עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן און ער באַקאַנט זיך צוערשט אויף זיין שטייגער גרינטלעך מיט דער אַ ג ר אַ ר־פראַגע, וועגן וועלכער ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן אין באַוואוסטן ערנסטן רוסישן זשורנאַל מיט „נאַראָדנישע״ סימפּאַטיעס „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ״.

דער גרויסער רוסישער דענקער, מיכיילאָווסקי, וועלכער קומט צו הילף דעם תלמיד זיינעם, ראַטנער, ווירקט אויס, מ׳זאָל פון אים אַראָפּנעמען דעם פאַרבאָט פון אָפּגעבן די מלוכה־עקזאַמענס. ראַטנער האַלט אויס גלענצנד די דאָזיקע עקזאַמענס ביי דעם קיעווער אוניווערסיטעט און פאַרשרייבט זיך אין אַדוואָקאַטנשטאַנד.

---

„ראַטנער אַלס יוריסט״—דאָס איז אַ באַזונדער גלענצנדיקער קאַפּיטל אין זיין לעבן. דעם אויסגעוויילטן וועג האָט ער דורכגעמאַכט לגמרי ניט צוליב קאַריערע. די ערשטע צייט גיט ער זיך דערהויפּט אָפּ מיט דער ריין־טעאָרעטישער אַרבעט פון דער יוריספּרודענץ און דערגרייכט מיט זיינע אויספאָרשונגען פון פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע סאָציאַל־יורידישע פראַגן צו אַ באַדייטנדיקער הייך. זיינע אַרבעטן ווערן פאַרעפנטלעכט אין אָרגאַן פון דער רוסישער אַדוואָקאַטור „פּראַוואָ״ און שאַפן אים אַ נאָמען פון אַן ערשט־

קלאַסיקע קראַפט אויפן געביט פון דער וויסנשאַפטלעכער יוריס־פרודענץ.

גאַנץ צופעליק גייט ער איבער פון טעאָרעטישער צו פּראַק־טישער יורידישער אַרבעט, און דאָ ווייזט זיך אַרויס זיין אומגעוויינט־לעכער טאַלענט פון אַ ערשט־ראַנגיקן יוריסט. זיינע אַרויסטרעטונ־גען אין פאַרשיידענע קרימינאַלע פּראָצעסן מאַכן אים פּאָפּולער אין גאַנצן דרום, וואו ער ווערט גערעכנט מיט רעכט, אַלס יורש פון געניאַלן קאָפּערניק. זיין אמתר טאַלאַנט ווייזט זיך אָבער אַרויס שפּעטער, ווען ער הייבט אָן אַרויסצוטרעטן, לויט דער שליחות פון ס.—ערישן צ. ק., אַלס פאַרטיידיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן.

דאָ וויקלט זיך ערשט פונאַנדער אין אַן אמת באַצויבערנ־דיקער לענטע די גאַנצע קראַפט פון זיינע רעדנערישע פייאיקייטן, פון זיין אַייזערנער לאָגיק, פון זיין דרייסטן רעוואָלוציאָניזם און שטאַרקן ווילן.

זיינע רעדעס אויף די פּאָליטישע פּראָצעסן האָבן געהאַט בכח צו וואַרפן אַ שרעק אויף די געשוואָרענע ריכטער און איבעריקע קנעכט פון צאַריזם. ניט איין מאָל איז אים געלונגען אַרויסראַטעווען פון זייערע הענט די לעבנס פון מערערע רעוואָלוציאָנערן. ער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך פּאַטעטישקייט אין זיין ריידן. מיט קאַלטע אַייזערנע ראַיות פון געזונטער, דרייסטער און ניט אונטערגעקויפ־טער לאָגיק פלעגט ער שטענדיק דערגרייכן זיין ציל: די באַשול־דיקטע און באַשולדיקער פלעגן זיך בייטן מיט די ערטער, ווייל זיינע רעדעס פלעגן מער זיין באַשולדיקונגען קעגן די באַשולדיקער ווי פאַרטיידיקונגען פאַר די באַשולדיקטע.

ביי די דאָזיקע פּאָליטישע פּראָצעסן זיינען אָפט אַפילו פּאָרגעקומען קוריאָזן. וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט פון אָפּשטאַרבנדיקן צאַריזם. ראַטנער איז אַמאָל אַרויסגעטראָטן

אַלס פּאַרטייִדיקער פון אַ גרופּע אַרעסטירטע ס. ר־ן אין קיעוו, און אין די פינף באַשולדיקונגס־בענד איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז דער הויפּט־שולדיקער פון פּראָצעס איז ניט מער און ניט ווייניקער... ווי מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער אַליין!

אים איז אָבער געלונגען אַזוי צו פאַרפּלאָנטערן די פּראָקוראַטור, אַז יענע האָט בשום אופן ניט געקענט נעמען אין אַכט דעם דאָזיקן פאַקט. און מיט זיין גלענצנדיקער פאַרטיידיקונג ברענגט ער צו אַ פאַרלייכטערונג אין דער שטראָף פון די באַשולדיקטע, כדי דערנאָך צו פאַרשווינדן און לאָזן דעם אויפגעטאַכטן אויג פון פּראָקוראָר צו אָנהויבן אַ יאָגעניש נאָכן אַנטרונענעם הויפּט־שולדיקן...

---

צווישן ראַטנערס יורידישער פּראַקטיק פאַרנעמט אָבער אַ גאַנץ באַזונדערן פּלאַץ זיינע אַרויסטרעטונגען אויף די פּאָגראָם־פּראָצעסן. ער טרעט אַרויס אויף אַלע גרעסערע פּאָגראָם־פּראָצעסן (קישינעוו, האָמעל, זשיטאָמיר ביאַליסטאָק א. אַ. וו.) און אומעטום איז ער די צענטראַלע פיגור צווישן דער קאָלעגיע פון די גלענצנדיקסטע קאָריפייען פון דער רוסישער אַדוואָקאַטור, און אומעטום קומט ער מיטן אמת־נביאישן שטראָף־וואָרט, פאַר וועלכן ס'ציטערן די כינעזישע ווענט פון דער צאַריסטישער קאָנטער־רעוואָלוציע.

די פּאָגראָמען אָבער דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אין ראַטנערס ביאָגראַפיע ניט נאָר צוליב זיינע ממש־גאונישע אַרויסטרעטונגען אויף די פּראָצעסן, נאָר צוליב אַן אַנדער און נאָך פיל מער וויכטיקן טעם.

די פּאָגראָמען און באַזונדערס דער ערשטער קישינעווער פּאָגראָם האָבן געבראַכט צו אַן איבערקערעניש אין גאַנצן געדאַנקענגאַנג און וועלט־אָנשויאונג פון מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער.

אַדאַנק דעם קישינעווער פּאָגראָם איז ראַטנער געוואָרן אַ „בעל־תשובה", האָט זיך אומגעקערט אין די יידישע רייען, מיט וועלכע ער האָט פריער, אייגנטלעך, קיין פאַרבינדונג ניט געהאַט.

דער מוראדיקער קישינעווער פּאָגראָם, וואָס איז געווען אַ נקמה־אַקט פון גוססדיקן צאַריזם, האָט געבראַכט צו אַ גרויסע פּסיכאָלאָגישע אויפטרייסלונג ביי מ. ב. ראַטנערן און ער האָט זיך גענומען אונטערן דרוק פון דעם פּאָגראָם פאַר דער איבערשאַצונג פון די פריערדיקע ווערטן.

בכלל איז דער „תשובה טאָן" אונטערן דרוק פון פּאָגראָמען ניט קיין נייס ביי דער יידישער אינטעליגענץ. שוין דער ערשטער יידישער סאָציאַליסט משה העס איז אונטער דער ווירקונג פון דער באַוואוסטער עלילת־דם אין דמשק געוואָרן אַ בעל־תשובה און האָט זיך פאַרוואַנדלט אפילו אין אַ טרוימער פון חבת־ציון.

ס׳מוז אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן די גרויסע דיסטאַנץ וואָס טיילט אָפּ די געוויינטלעכע בעלי־תשובה פון מ. ב. ראַטנערן.

ראַטנער האָט ניט געקלאַפּט דעם „אשמתי, בגדתי" און איז ניט דערגאַנגען צו דעם געוויינטלעכן לאַקריץ־זיסלעכן כלל־ישראל „אני־מאמין", וואָס איז ביי אונזערע מערערע בעלי־תשובה אַ כפרה פאַר די פריערדיקע חטאים. ראַטנער איז אונטערן דרוק פון פּאָגראָם ניט געקומען צו דער בית־מדרש־יידישקייט. ער האָט אין זיין ווערטן־איבערשאַצונג גופא געפונען אַ מעגלעכקייט ווייטער צו ציען די פריערדיקע און איינציק־באַרעכטיקטע סאָציאַליסטישע קייט.

ער איז געבליבן אַ סאָציאַליסט. ער האָט מער ניט אַריבערגעטראָגן זיין ברויזנדיקע סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין די רייען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און פון אַ סאָציאַליסט סתם איז ער געוואָרן דער חשובסטער טעאָרעטיקער און פּאָרקעמפער פון יידישן סאָציאַליזם. און אָט דידאָזיקע איבערקערעניש, וואָס

איז געוויס אַ טיף־פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם, אויף וועלכער ניט דאָ איז דער פּלאַץ זיך גענויער אָפּצושטעלן, מאַכט ראַטנערן פאַר דער צענטראַלסטער פיגור פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג.

ס׳דאַרף באַטאָנט ווערן דער ממש־וואונדערלעכער פאַקט, וואָס ראַטנער איז דורך זיין תשובה ניט נאָר ניט געקומען צו דעם אַזוי געריפּענעם גלות־נעגאַטיוויזם, ווי ביי די איבעריקע פאָרשטייער פון די בעלי־תשובה פון אונזער אינטעליגענץ, נאָר גראָד פאַרקערט: ראַטנער איז געוואָרן דער ענערגישסטער אַדעפּט פון פּאָליטישן קאַמף לגבי דעם יידישן סאָציאַליזם.

וואָס האָט ראַטנער נאָך זיין „תשובה־טאָן״ געבראַכט דעם יידישן סאָציאַליזם?

ניט אין אַ קורצן ביאָגראַפישן נאָטיץ איז דער פּלאַץ פאַר אַ געהעריקער אָפּשאַצונג פון ראַטנערס ראָל אויפן דערמאָנטן געביט. ס׳מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז ראַטנער און נאָר ראַטנער האָט געקענט אין דער עפּאָכע פון דער שמעלץ־טאָפּיקן קאָסמאָפּאָליטיזם אַוועקשטעלן אַזוי קלאָר און בולט די נאַציאָנאַלע פראַגע, די פראַגע וועגן נאַציאָנאַל־פּערסאנאַלער אַווטאָנאָמיע פאַר עקסטעריטאָריאַלע נאַציעס.

אין יענער צייט איז דאָס ממש געווען אַ ניט דערלאָזבאַרע העזהדיקע אַפּיקורסות. מ׳האָט דאַן געהאַלטן אין עם־הארצישער אויסטייטשונג פון „אינטערנאַציאָנאַליזם״ אַלס סינאָנים פון פאַרווערטער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

מאַרקס פּסוק: „דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאָטערלאַנד״ איז פאַרשטאַנען געוואָרן אין בוכשטעבלעכן זין און אויף פּרובן פון אַוועקשטעלן די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט מען געקוקט, ווי אויף סימנים פון קאָנטר־רעוואָלוציע.

גענוג איז צו דערמאָנען, אַז דער „בונד״, למשל, האָט

אויף דעם צוזאַמענפאָר פון 1901 פשוט מורא געהאַט פאַר „מה יאמרו הבריות" און האָט אַיינגעפונען, אַז „כאָטש פאַרן פיל־שפראַכיקן רוסלאַנד וואָלט יאָ געפּאַסט די פאָדערונג פון נאַציאָ־נאַלער אַוטאָנאָמיע, נאָר ס'איז פריצייטיק".

און מ. ב. ראַטנער האָט די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אַוו־טאָנאָמיע יאָ אַוועקגעשטעלט און נאָך ווי אַזוי אַוועקגעשטעלט!

אין דער צייט, ווען די סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווי אָטטאָ בויער און שפרינגער־סי־נאָפּטיקוס האָבן גערעדט נאָר וועגן טעריטאָריאַלע אווטאָנאָמיע פאַר פעלקער־מערהייטן, איז ראַטנער אַוועק ווייטער און האָט דער ערשטער אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן אַן אווטאָנאָמיע אויך פאַר פעלקער־מינדערייטן, פאַר פעלקער עקסטעריטאָריאַלע, ווי דער יידישער פאָלק.

אין סענטיאַבר 1903 ווערט אויפגערופן אין קיעוו די ערשטע קאָנפערענץ פון „וואָזראָזשדעניע", וועלכע האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" (סיימיסטן) מיט איר קלאָר־פאָרמולירטן אַווטאָנאָמיזם.

---

די דאָזיקע דאַטע דאַרף גערעכנט ווערן אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער באַ־וועגונג, ווייל די קאָנפערענץ האָט צום ערשטן מאָל דרייסט און אָפן פונאַנדערגעפלאָנטערט דעם האָרדיען־קנויל פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער פראַגע פון עכט סאָציאַליסטישן שטאַנדפונקט און האָט נעזאָגט איר הילכיקן וואָרט, וואָס האָט דאַן אָפגעקלונגען ווי אַ שטורים אין דער דאַמאָלסדיקער פחדנותדיקער יידיש־סאָציאַלי־סטישער אידעאָלאָגיע.

ס׳מוז גענומען ווערן אין אַכט די, וואָלט איך זאָגן, מאָזאַ־איק פון צוזאַמענשטעל פון דער דערמאָנטער קאָנפערענץ און די באַזונדערע שטימונגען, מיט וועלכע די איניציאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ זיינען צוגעטראָטן צו איר צוזאַמענרופן.

דאָס איז אפשר די איינציקע קאָנפערענץ, וועלכע איז צו־זאַמענגערופן געוואָרן ניט פון אַ פאַרטיי און ניט לשם פאַרטיי. די איניציאַטאָרן פון איר האָבן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט וויסן, צו וואָס זי וועט ברענגען. און האָבן אוודאי ניט געהאַט בדעה אויפצושלאָגן אויף גיך אַ נייע פאַרטיי פון יידישן פראָלעטאַריאַט.

נאָך מער: די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ זיינען צווישן זיך אפילו ניט געווען פאַרבונדן פון אָנהויב ניט נאָר מיט אַ ענדגילטיקער פּאָזיטיווער פּראָגראַם, ס׳האָבן אפילו געפעלט איינהייטלעכע און אַלגעמיינע קאָנטורן פון א פּאָזיטיווע וועלט־אָנ־שויאונג, וואָס וואָלטן געקענט, פון ערשטן בליק, דינען אַלס מאַ־טעריאַל פאַר אַזאַ פּראָגראַם.

און אויב איין זאַך האָט יאָ פאַרבונדן אַלע אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ, איז עס גראָד געווען ניט דער „עשה״, נאָר דער „לא תעשה״, ניט די קלאָרע פאָרמולירונג פון דעם, וואָס דאַרף יאָ געטאָן ווערן, נאָר די נעגאַטיווע באַציאונג צו דעם, וואָס האָט ביז זיי באַהערשט די מוחות פון דער יידיש־סאָציאַלי־ליסטישער אינטעליגענץ און די פאָרמולירונג פון דעם, וואָס טאָר ב י ט געטאָן ווערן.

די דערמאָנטע קאָנפערענץ איז אויף אַזאַ אופן ניט געווען. פון ערשטן קוק, קיין אויפבויאונגס־קאָנפערענץ, נאָר אַ צושטע־רונגס־קאָנפערענץ.

און אויב זי איז דאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אויפבוי־אונגס־קאָנפערענץ, אין דער ערשטער שטופּע פון אַ נייער יידיש־

סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט אַ קלאָר־פאָרמולירטע פּאָזיטיווע פּראָ־
גראַם, איז עס נאָך אַדאַנק מ. ב. ראַטנערן.

---

די פאַרדינסטן פון לעצטן אויף דער קאָנפערענץ איז פשוט
ניט אָפּצושאַצן.

ער איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער קאָנפערענץ ביי אַ
באַשטימטער אומזיכערקייט מצד די איניציאַטאָרן און האָט אין
די ערשטע טעג זיך אפילו געפילט ווי אַ פרעמדער צווישן די
איבעריקע אָנטיילנעמער. דאָס איז געווען גראָד דאַן, ווען אין
זיין מוח האָט נאָך געעקבערט דער ערשטער יתוש פון פסיכאָלאָ־
גישער אויפטרייסלונג אונטערן דרוק פון קישינעווער פּאָגראָם.

ער איז נאָך דאַן צופיל געווען פאַרקניפּט אָרגאַניש מיט דער
אַסימילירטער סביבה פון דער רוסיש־פאָלקיסטישער רעוואָלוציאָנערער
טעטיקייט. און דאָך האָט מ. ב. ראַטנער מיט זיין וואונדערבאַר־
אַנאַליטישן שכל זיך גלייך געפונען אויף דער קאָנפערענץ און
איז גלייך געוואָרן איר צענטראַלסטע פיגור. אין זיינע פאָרטראָגן
האָט ער קלאָר און דייטלעך פאָרמולירט זיין נייע שטעלונג צו
דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס איז נאָכדעם געוואָרן דער אַלפאַ־
אָמעגאַ פון גאַנצן באַוואוסטזיניקן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

שוין דאַן, אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון "וואָזראָזש־
דעניע" איז מ. ב. ראַטנער געוואָרן, ווי ס'רופט אים מיט רעכט
אָן דער רוסישער פובליציסט יעווג. וואָלקאָוו, דער "מאַרקס
פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע". ראַטנער האָט דער ערשטער
פּראָקלאַמירט די פּרינציפּן פון דער צוקונפטיקער נאַציאָ־
נאַל־פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע צוזאַמען מיט דער אומצווייפלדיקער
נויטיקייט פון אַן אינטענסיוון פּאָליטישן קאַמף מצד דעם יידישן
פּראָלעטאַריאַט. דאָס דאַרף באַזונדערס אָפּגעשאַצט ווערן, ווען מיר

ווען נעמען אין אַכט די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון איין זייט און דעם אויסגעשפּראָכענעם נעגאַטיוויזם צום פּאָליטישן קאַמף פון צווייטן זייט, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין פאַרשיידענע טיילן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די דאַמאָלסטיקע „רעאַביליטאַ־ציעס״ מצד דעם „בונד״ כלפּי דער רוסלענדישער ס.־ד. פּאַרטיי, וואָס זיינען באַשטאַנען אין אָפּטרייסלען פון זיך יעדן חשד אין שעד־לעכן־נאַציאָנאַליסטישן סעפּאַראַטיזם און די טעאָרעטישע באַגרינ־דונגען פון גלות־נעגאַטיוויזם מצד די פאַרשיידענע גרופּן פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ מיט דער באַוואוסטער „חרות״־גרופּע בראש.

די לעצטע האָט אין איר זאַמלבוך „דער המון״ אין זעלביקן 1903 יאָר דערקלערט, „אַז די יידישע נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע אין גלות איז אַ פּוסטער וואָרט, אָן אינהאַלט און אָן לעבן״.

די וואַרשעווער גרופּע פון יידישע אַרבעטער האָט אין אַ פלוג־בלעטל, אויך אין דעם זעלביקן יאָר, אונטערן נאָמען „אונ־זער צוקונפט״ נאָך דייטלעכער דערקלערט:

„מיר זעען ניט אין די נאַציאָנאַלע רעכט קיין ענטפער אויף אונזער פראַגע. לעבנדיק צווישן אַנדערע פעלקער, קענען מיר ניט פריי און נאָרמאַל זיך אַנטוויקלען ניט נאָר דערפאַר, וואָס אונז פעלן נאַציאָנאַלע רעכט: פאַראַן מער שטאַרקערע כיבות דערצו — דאָס פרעמד לעבן, צו וועלכן מיר מוזן זיך צופּאַסן״.

דידאָזיקע אַלע שטימונגען האָבן געצויגן זייער יניקה פון ציוניזם, אָפּן צו פאַרמאַסקירט.

מ. ב. ראַטנער איז געווען דער ערשטער פון די, וואָס האָבן לגמרי צעריסן מיטן ציוניזם און האָבן קלאָר

אַוועקגעשטעלט דעם דיאַגנאָז פון דער יידיש-פּראָלעטאַרי-שער ווירקלעכקייט און צוזאַמען מיט דעם פאָרמולירט די פּערספּעקטיוון און אינהאַלט פון דער אייגנטלעך—יידישער סאָ-ציאַליסטישער אַרבעטער-באַוועגונג.

---

און ניט לאַנג נאָך דער ערשטער „וואָזראָזשדעניע"-קאָנפע-רענץ באַקומט ראַטנער די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין פון וואָרט צו מעשים. ס'קומט אָן די עפּאָכע פון באַוואוסטן „פרילינג", פון סוויאַטאָפּאָלק-מירסקיס הערשונג (סוף 1904), וואָס איז דער אָנזאָג פון דער באַלדיקער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, און ראַטנער ווערט אַריינגעצויגן אין קאָך פון ברייטן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן.

ער שטעלט זיך אין דעם שפּיץ פון די רעוואָלוציאָנערע—רוסישע און יידישע—קרייזן און גרייט צו זיכער דעם באָדן פאַר דעם אומפאַרמיידלעכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָ-לוציע.

אין די אָקטאָבער-טעג פון יאָר 1905 ווערט ראַטנער די פּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייט ניט נאָר אין קיעוו, נאָר אין גאַנצן דרום. ער ווערט אַרעסטירט און דערנאָך באַפרייט פון אויפגעשטאַנענעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער טראָגט אים אויף די הענט און דריקט אויס אויפן אמת-רעוואָלוציאָנערן אופן זיין אָנערקענונג און התפעלות פאַרן גרויסן רעוואָלוציאָנערן פירער.

שפּעטער, ווען עס געלינגט דער צאַריסטישער קאָנטר-רע-וואָלוציע צו דערשטיקן דעם ערשטן אויסבראָך פון פאָלקס-צאָרן און ס'הייבט זיך אָן די עפּאָכע פון מוראדיקע רעפּרעסיעס, מוז ראַטנער פאַרלאָזן קיעוו און ער „באַזעצט" זיך אין פּעטערבורג,

וואוהין ס'רופט אים אַרויס דער צ. ק. פון דער דאַן מעכטיקסטער פ.־ר. פּאַרטיי.

ער באַזעצט זיך דאָרטן, אָבער זיצט ניט אויף אַן אָרט. ער הייבט אָן זיין טריאומף־טורנע איבער די צענטערן פון דער יידי־שער אַרבעטערשאַפט אין ליטע (וויטעבסק, ווילנע, קאָוונע, מינסק), וואו ער טרעט אַרויס מיט זיינע רעפעראַטן און פּאַרטיפט און פּאַרברייטערט דעם האָריזאָנט פון דעם יידישן סאָציאַליזם.

ביי די וואַלן אין דער דריטער דומע קאַנדידירט ראַטנער פון דער יידישער סאָצ. אַרבעטער פּאַרטיי אין וואָלינער און שפּעטער אין מאָהילעווער גובערניעס. די צאַריסטישע רעגירונג אָבער דער־לאָזט אים ניט אין דומע: זי שטרייכט אים אויס פון די ליסטעס, פּסלט זיין קאַנדידאַטור. און דאָס איז נאָך פאַר איר ווייניק: זי יאָגט אים נאָך און וויל אים אינגאַנצן באַזייטיקן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, זי פאַרפירט קעגן אים אַ ריי פּראָצעסן און איר געלינגט סוף־כל־סוף פּטור צו ווערן פון אומרואיקן און שעדלעכן ראַטנערן, וועלכער מוז פאַרלאָזן רוסלאַנד און אַריבערגיין אין דעם ממש־אינקוויזיציע־לעבן פון די רוסישע עמיגראַנטן אין אויסלאַנד. אין וואָגל־לעבן אַלס אויסלענדישער עמיגראַנט, זעצט פאָר ראַטנער זיין וויסנשאַפטלעכע און פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. ער באַזעצט זיך פריער אין דער שווייץ, וואַנדערט דערנאָך אַריבער אין עסטרייך, אין דער וויגעלע פון דער סאָציאַליסטיש אַוועקגע־שטעלטער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואו ער לערנט און שטודירט און פאַרטיפערט זיין האַרמאָנישע טעאָריע פון יידישן סאָציאַליזם.

ער האַלט פון דאַנען אונטער די כון פריער נאָך פּאַרקניפּ־טע באַציאונגען מיט דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער רוסי־שער פּאַרטיי און העלפט מיט דער אויסקריסטאַליזירונג פון איר נאַציאָנאַלער פּראָגראַם.

נאָך פריער, אין רוסלאַנד, האָט ראַטנער פיל מיטגעווירקט, אַז די מעכטיקסטע פּאַרטיי פון דאַמאָלסטדיקן רוסישן רעוואָלוציאָניזם, די ס.-ר.-שע פּאַרטיי זאָל ווי געהעריק פאָרמולירן די אמתן פון דער נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע. ביי זיין איניציאַטיוו איז אויפגערופן געוואָרן דער באַוואוסטער צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכער האָט צום ערשטן קלאָר פאָרמולירט די פּרינציפּן פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע אין אַלרוסלענדישן מאַסשטאַב. און אויב שפּעטער איז די ס.-ר.-שע פּאַרטיי געוואָרן די פּאַקטישע דורכפירערין, שוין אין קערענסקעס צייטן, פון דער ברייטער אווטאָנאָמישער פּראָגראַם, אויב שפּעטער איז אין אוקראַינע די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אווטאָנאָמיע געוואָרן אַ לעבעדיקער פאַקט,—איז עס, אָן ספק, אַ דאַנק דער טעטיקייט פון מ. ב. ראַטנערן אין רוסלאַנד. אין יאָר 1910 באַטייליקט זיך ראַטנער אַלס מיטגליד פון דער דעלעגאַציע פון דער יידיש-סאָצ.-אַרבעטער פּאַרטיי אין דעם קאָפּענהאַגענער סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, מאַכט אַ רעפעראַט-טורנע צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט פון מערב-אייראָפּע און פירט בכלל אַן אינטענסיווע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. זיין שווערער וואַנדער-לעבן ווירקט אָבער שטאַרק אויף זיין פיזישן צושטאַנד, אים קומט אויס צו באַלאַנסירן צווישן אומגעוויינלעך שווערן פיזישן פיין און פּסיכילאָגישע יסורים פון עמיגראַנטן-לעבן: פון איין זייט מאַטעריעלער נויט, אָפטער הונגער, פון דער צווייטער זייט דער שוואַרצער יאוש, וואָס איז געקומען אונטערן דרוק פון דער רוסישער רעאַקציע. און דער שטאַרקער מ. ב. ראַטנער ווערט צעבראָכן. כּל-זמן ער האָט נאָך פיזיש געקאָנט אויסהאַלטן, האָט ער אויף אַן אמת-טיטאַנישן אופן געראַנגלט זיך מיט די כמאַרעס פון יאוש און אָפּהעטיקייט, האָט אומעטום געבראַכט זיין צויבערנדיקן אָפּטימיזם און קאַמפלוסטיקייט. ער איז אָבער קראַנק געוואָרן,

אַ פּאַראַליטש—דער רעזולטאַט פון לענגערער מאַטעריעלער נויט און שווערן וואַנדער לעבן—האָט אים צוגעשמידט צום בעט, און דאָ הײבן זיך פּאַר ראַטנערן אָן די שרעקלעכסטע טעג פון זײַן לעבן.

שוין אין די מלחמה־יאָרן אַלס פּאַראַליטיק פאָרט ער איבער אין רומעניע, כדי צו זײַן נעענטער צו דער ליבער רוסלאַנד. ער לײַדט אומגעהויער פיל, מאַכט עטלעכע אומגעלונגענע פּרובן אומצוקערן זיך אין דער „געליבטער היים‟, וואוהין ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט און מיט וועלכער ס'האָט צוזאַמענגעבונדן זײַן גאַנצע ברויזנדיקע לעבנס־טעטיקייט, און דעם 8 פעוורואַל 1919 הויכט ראַטנער אויס זײַן נשמה אין דער פרעמד, אַ פאַרוואָגלטער און פּאַרטײ־בענער.

און מיט דעם ענדיקט זיך די לעבנס־עפּאָפּייע פון גרויסן ראַטנער.

---

זײַן טויט איז אַ שרעקלעכע און אכזריותדיקע אבידה פאַרן יידישן סאָציאַליזם, ווײַל ער האָט נאָך פיל געקענט געבן. שווערער איז אָבער און אומזיניקער די פּערזענלעכע טראַגעדיע פון ראַטנערס טויט: ער איז געשטאַנען „אויפן שוועל‟. פּונקט ווי דער ביבלישער משה, וואָס האָט דעם פאָלק געפירט איבערן גרויסן מדבר אין ארץ־ישראל און איז אָפּגעשטאָרבן פּונקט ערב דעם אַרײַנקומען פון פאָלק אין דעם לאַנד, וואו ער האָט זיי גע־פירט, אַזוי איז אויך ראַטנער אָפּגעשטאָרבן פּונקט ערב דער פאַרווירקלעכונג פון זײַנע אידעאַלן און האָט ניט זוכה געווען צו זעען דעם אויסבראָך פון דער גרויסער רוסי־

שער רעוואָלוציע, מיט וועלכער ער האָט צוזאַמענגעוועבט זיין גאַנצן לעבן.

ער האָט ניט זוכה געווען צו זעען און צו געניסן כאָטש דעם ערשטן טריאומף פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פונקט ווי ס'איז לכל־הפחות געלונגען זיינע גרויסע חברים פלעכאַנאָוו, באַ־ראָכאָוו און אַנדערע. ער האָט צוגלייך ניט זוכה געווען צו זעען די פאַראייניקונג פון יידישן סאָציאַליזם.

גלייך נאָך דער פעוורואַל־רעוואָלוציע איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער פאַראייניקונגס - צוזאַמענפאָר פון ביידע שוועסטער־פאַרטייען, פון דער אַזוי גערופענער ציוניסטיש־טערי־טאָריאַליסטישער אַרבעטער פאַרטיי (ס.־ס.) און יידיש־סאָציאַלי־סטישער אַרב.־פאַרטיי (י. ס., סיימיסטן). אויף דעם דאָזיקן צוזאַ־מענפאָר איז דורכגעמאַכט געוואָרן אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער פאַראייניקונג פון יידישן סאָציאַליזם. ס'האָט אין היסטאָרישן מאָ־מענט פון פאַראייניקונג געשוועבט די געשטאַלט פון גרויסן לערער און פירער מ. ב. ראַטנערן: ער אַליין האָט אָבער ניט זוכה געווען צו זעען די פאַרווירקלעכונג פון זיין לאַנגען טרוים און אָנ־שטרענגונגען.

דער יידישער סאָציאַליזם, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט געוויס קענען אָפּשאַצן דעם טייערן אָנדענק פון גרויסן ראַטנער.

וואָס איז פאַר אים דער בעסטער מאָנומענט?

געוויס די פאַרווירקלעכונג פון דעם, וואָס ער האָט זיינע בעסטע יאָרן אָפּגעגעבן, פון וואָס ער איז אַ פרי־צייטיקער קרבן געפאַלן, און דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט אַנערקענען, אַז ס'שטייען פאַר אים אויך איצט, און אפשר באַ־

זונדערס איצט, צוויי אַקטועלע אויפגאַבן. די קלאָרע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און די פאַראייניקונג, דאָס שאַפן פון אַ איינהייטלעכן יידיש-סאָציאַליסטישן פראָנט.

גראָד איצט, ווען מיר שטייען אין פלאַקער פון דער מעכ-טיקער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, גראָד איצט ווען ס'ווערן געלייגט די גרונטשטיינער פון דער נייער וועלט, פאַלט ניט נאָר ניט אָפּ די גויטיקייט פון אַ קריסטאַליזירטער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, נאָר טוט זיך אָן אין „בלוט און פלייש", באַקומט אומבאַגרעניצטע מיג-לעכקייטן און פּערספּעקטיוון.

דאָס אָנערקענען שוין איצט פילע פון די, וואָס זיינען פאַרטריבט געוואָרן פון ערשטן דונער-קלאַפּ צון דער סאָציאַליסטי-שער רעוואָלוציע און זיינען אַריינגעפאַלן אין אָפּגעלעבטן טעות פון דעם אַמאָליקן קאָסמאָפּאָליטישן שמעלץ-טאָפּ.

ס'איז אויך נייטיק די פאַראייניקונג פון די קרעפטן צוליב אַ איינהייטלעכע, אויסגעהאַלטענע און ענערגישע אויפבויאונס-אַרבעט. אין דעם איצטיקן פאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט פון איבער-בויען די געזעלשאַפט איז אונזער אַלגעמיינער דעוויז מאַרקס רוף: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך", דאַן מוז אונזער צווייטער דעוויז זיין ראַטנערס רוף: „יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך!".

ס'איז שוין געקומען די צייט צו דער שאַפונג פון אַ מעכטיקער, אַ איינציקער פּאַרטיי פון גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל האָבן אַ קלאָרע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און מיט געמיינזאַמע קרעפטן איבערבויען די מענטשלעכע געזעלשאַפט און קודם כל — וואָס ווערט אַסיזיף-אַרבעט ביי אונזער צעשפּליטערונג — דורכפירן אונזער אייגנטלעך — יידישע רעוואָלוציע.

דאָס זיינען געווען די אידעאַלן פון גרויסן ראַטנעד און דאָס קען און וועט זיין דער בעסטער מאָנומענט פאַר אים, פאַר זיין אומפאַרגעסלעכן נאָמען.

י. רובין.

